„RADOMER-KIELCER LEBEN" 27 (167) „Należytość pocztową uiszczono ryczałtem" פרייז 25 גראָשען פּערטער יאָהרגאַנג


הײַנט 10 זײַטען.

אדרעס
פון „ראַדאָמער-קעלצער לעבען"

Redakcja i Administracja
„Radomer Kielcer Leben"
Radom, Szwarlikowska 20.

*Oddział w Kielcach.*

**אַנאָנסען פרייזן!**

פּיין מילימעטער שורה: פאַר'ן טעקסט 20 גר.
" " " אין " 40 "
" " " נאָכ'ן " 18 "
די ערשטע און לעצטע זײַט ענטהאַלטען 8 שפּאַלטען
אין טעקסט 4 "


# ראַדאָמער-קעלצער לעבען

15-go lipca 1927 r.

ראַדאָם פרייטאָג ט"ו תמוז תרפ"ז פאַר'ן א נהאַלט פון טעקסט אין די אַנאָנסען איז די רעדאַקציע גישט פעראַנטוואָרטליך



## התראה.

דערמיט גיעב איך דורך דער עפענטליכקייט מיין התראה יעדען מענש, וואָס קאָן, נישט וו סענדיג, נכשל ווערען און איינגעהן אין וועלכע ס'איז קאָמבינאַציע. אַהן מיין וויסען און אַהן מיין הסכמה מיט די הערען אברהם יצחק ווייסבאָרד און זלמן קאַצמאַן פון ראַדאָם אין געשעפטס-פערבינדונג מיט מיין אייל-פאַבריק, וואָס געפינט זיך אין ראַדאָם חלאָדנאַ 3. איבער דעם, וואָס דאָס וועט זיין געגען יעדען מאָראַלישען פרינציפּ און מענשליכקייט, אין וועלכען כ'גלויב, אז קיין שום אנשטענדיגער מענש, וועט נישט וועלען צ העלפען מיך אומשולדיג בעשעדיגען, ווי אויך מיר שלעכטס צו טוהן, אויסער דעם וועל איך זיכער א"ע קאָנסעקווענצען ציהען און דער יעניגער וועט זיכער קיינע נוצען נישט האָבען, נאָר אין געגענטייל, — בלויז אונאַנגענעמליכקייטען.

מיט אכטונג **אברהם ראָזענבערג**
לובלין וויעניאַווסקא 2 №.



## דאַנקזאַגונג.

מיר דריקען אויס א העפליכען דאנק די פריילײַנס: זיידענבערג, ניימאַן, אַסוב, גרינשפּאַן, גוטמאַן א. א. ווי אויך די ה"ה: ווייסבלום, דאַנציגער, פרידמאַן, ראָזען, האַנדעלסמאַן, ביאַלסקי, טייטעלבוים, פאַר זייער אנטייל נעמען אין בלימעל-פערקויף, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 7/7 לטיבת דער תלמוד תורה, סקאַרישעווער 24.

**דער קאָמיטעט.**

# א אינסטיטוציע וואס דארף און מוז געשאפן ווערן אין אונזער שטאדט.

פאראן אין אונזער שטאדט א גאנצע רייהע אינסטיטוציעס. געזעלשאפטליכע. פילאנטראפישע, סאציאלע און נאך פארשידענע ארגאניזאציאנעלע קערפערשאפטן. יעדער פון זיי האט זיך מעהר. אדער ווייניגער זיין אויסגעארבייטען פראגראם. יעדער פון זיי ענטוויקעלט א געוויסע טהעטיגקייט און ווייזט אומגעפעהר ארויס סימנים פון לעבען און עקזיסטענץ. די לידער, די אנפיהרער פון דער היגער געזעלשאפטליכער ארבייט האבען אזוי צו זאגען שוין א גענוגענדען באגאזש פון כלל-טהוערייי. ביי וואס זיי זענען „גענוג" בעשעפטיגט און קאנען זיך שוין מעהר נישט אבגעבען פאר אנדערע זאכען, אפילו ווען זיי זענען נישט ווענוגער וויכטיג, ווי זייערע ספעציאליזירטע פאך. אדער בראנזשע-אנגעלעגענהייטען פון געזעלשאפטס לייסטונגען.

אין יעצטיגען מאמענט וועלען מיר צירוה לאזען אונזערע אפיציעלע געזעלשאפטליכע „דזשאלאטשעס", נעמענדיג אין אכט זייער איבערגעלאסטעטע ארבייט, און מיר וועלען אונזער יעצטיגען אפעל ווענדען צו יעדען איינעם יודישען איינוואהנער פון אונזער שטאדט. מיר וועלען זיך יעצט ווענדען צו די יודען. וואס זענען נישט אנגאזשירט אין קיין שום געזעלשאפטליכע ארבייט, צו די פשוט'סטע און איינפאכסטע יודישע מאסען זיי זאלען נישט בלייבען שטעהן פון דער ווייטענס און זעהן צו בעמיהען זיך, אז אין אונזער שטאדט זאל געשאפען ווערען נאך א וויכטיגע אינסטיטוציע, וועמענס ארט עס איז ביזן היינטיגען טאג אפען און פריי צווישען די פיעל אנדערע אינסטיטוציעס אויף דער געזעשאפטליכער ארענע.

זאלען די אנדערע יודישע אינסטיטוציעס טהוען זייער ארבייט בשלימות. (ס'וואלט נישט געשאדט א ביסעל מעהר...) לאמיר זיי נישט בעלעסטיגען מיט נאך ארבייט. לאמיר זיי דן זיין לכף זכות. אפשר האבען זיי גענוג זייער ארבייט צו וועלכע זיי האבען, מעגליך, נישט די געהעריגע מיטלען אויסצוקומען. לאמיר זיי פרובען לאזען אין א זייט און זאל די שטאדט אליין זעהן זיך צו בעמיהען אויפצובויען א אינסטיטוציע, וואס איז פון די לעבענס-נויטווענדיגקייט פאר דער יודישער געזעלשאפט אין ראדאם.

אין וואס פאר א אינסטיטוציע נויטיגט זיך אונזער שטאדט?

אין אונזער שטאדט פעהלט א אינסטיטוציע, וועלכע זאל געבען הילף פאר לונגען-ליידענדע, פאר קראנקע, וואס טובערקולאז, סוחאטע און גרוזשליצע האבען זיי ארויסגעריסען פון די רייהען פון צווישען די געזונדטע און זיי אריינבעקומען צו זיך אין זייערע אונערבארימדיגע ארעמ'ס. פאר די דאזיגע אונגליקליכע אין ליידענדע ווייזט אונזער שטאדט, מיט איהר גאנצע פילאנטראפישקייט, נישט ארויס קיין שום בעזונדערע הילף.

מקאן אפשר נישט האבען קיין פערדרוס אויף די מעדיציניש-פילאנטראפישע געזעלשאפטען, וואס זיי פערנעמען זיך ווייניג אדער גארנישט מיט די דאזיגע קראנקע. ווייל אזעלכע חולאים קאן מען נישט צונויפפארען מיט אנדערע מינים קראנקהייטען. ערשטענס צוליב רעכ. וואס לונגען-ליידענדע פאדערען א לענגערע ערהאלונג, וואס איז. נאטירליך, פערבונדען מיט גרעסערע אויסגאבען, און אויסער דעם מוז מען זיך מיט אזעלכע קראנקע ספעציעל און גאר בעזונדער פעראינטערעסירען, נישט צונויפמישענדיג זיי מיט אנדערע חולאים, וועמענס קראנקהייט ס'איז על פי רוב א איבערגעהענדע און א צייטווייליגע. וועלכע האלט נישט לאנג און איז גענצליך אויסהיילבאר ביי ערטיילען צו דער געהעריגער צייט הילף אפילו אין משך פון דער קורצעסטער צייט.

פאר אזעלכע חולאים. ווי לונגען-ליידענדע. און פאר טובערקילאז-קראנקע מוז אין אונזער שטאדט ספעציעל געשאפען ווערען א בעזונדערע געזעלשאפט. וואס זאל האבען די מעגליכקייטען אוועקצושיקען אזעלכע קראנקע קיין אטוואצק, אויף לופט, — אין א וועלכען ס'איז פענסיאנאט. אדער סאנאטאריום. מיט גוטע לופט און גוטע ערנעהרונג קאן מען אזעלכע אומגליקליכע ראטעווען און דערהאלטען ביים לעבען.

אין אונזער שטאדט זענען אזעלכע קראנקע פאראן אין א גרעסערער צאל צווישען זיי אזעלכע. וואס די קרענק האט זיך צו זיי ערשט גארנישט לאנג צוגעטשעפעט און איז נאך גאר פריש אין איהר ענטוויקלונג אזוי. אז די האפנונגען זענען נאך גרויס. אז מען זאל זיי קאנען אבראטעווען פון זייער שרעקליכען גורל. בעזונדערס דאס די דאזיגע ביטערע און שווערע מחלה אנגענומען דראהענדע פארמען ביי די יעצטיגע קריטישע לעבענס בעדינגונגען. ווען הונדערטער פאמיליעס ווערען צונויפגעקורטשעט פון ענגשאפט אין זייערע ד' אמות'דיגע שטיקענדע דירות.

---

# קור-ארט - פלוידערייען

## א בינטעל טשעכאטשינקער איינדריקען.

טשעכאטשינעק — א שטעדטעל אזא'ס וואס עס שבראצט אין שפריצט פון אלע זייטען; וואו דו קערסט זיך און וואו דו ווענדסט זיך, שפריצט מיט וואסער און שפראצט מיט גרינס: גרינע ביימער, גרינע וויליעס, גרינע שילדן און... גרינע מענשען לאזען פון זיך ציהען די עצמות און לאכען שפעטער מיט דער גרינער גאל... טשעכאטשינעק איז, ווי מ'זאגט ביי אונז יודען: „גרינע וגעלע ושמחה רבה" — אלעס זינגט, אלעס לאכט, אלעס טאנצט און אלעס ווערט פארפירט. ווער אין א בלאטע אריין (אבאד אזא) און ווער אין זאלצוואסער און א. וו.

די זאלצוואסער-אינדוסטריע איז דא בכלל זעהר שטארק ענטוויקעלט. נאכ'ן עסען שטעהט מען רייהענווייז פאר'ן פארק. כדי זיך דאס הארץ דערקוויקען מיט א גלעזעל זאלצוואסער. קיין אייער עסט מען נישט צו... די אייער האבען די פויערטעס בעהאלטען און נעמען צו דריי זלאט פאר א מאנדעל...) און נאך דער פארציע זאלצוואסער, וואס איז אגב א סגולה, ווי גרויסע מומחים בעהויפטען צו נאפעלגרימעניש, געהט מען אין פארק אריין...

אין דער פארק אזוי מחיה'דיג אפגעטאקט, אזוי פאדביג, אזוי רעגענבויגענדיג און שפילעוודיג, אז די אויגען לויפען, ווי משוגע פון ארט צו ארט און מ'ווייסט נישט אויף וואס פריער זיי אפצושטעלען: אט פליסט א זילבערדיג וואסער און דרעהט זיך, ווי א שלאנג און אינמיטען שוימט א שטאלצע אשוואן מיט א לאנגען שנאבעל און באלד דערנעבען, א קוסט, בונטע, פארביגע בלומען און דאס אלעס אזוי אפגעהויכט, אויסגעצערטעלט — כפתור ופרח'דיג: דא א בלימעל, דא א ביימעל, דא אפאר גראבע, אומגעלומפערטע פיס און דארט אפאר דארע מיט אויסגעבויגענע קניהען. דא געהט מען אויף קליעס און דארט שפילט מען אין טעניס, און פינג-פאנג, דא קרעכצט מען און דארט זינגט מען... און דער ארקעסטער ציהט די שמיצקעס און ס'קומען ארויס צאפעלדיגע דבוקמאטיוען אדער „מאטקע מאך עס נאכאמאל" און ס'איז „ליהודים היתה אורה" די הענד ווערען צעפלאצט פאטשענדיג:

א — ווא, א — ווא, זיי געבען דאך גאר יודישע שטיקלעך און בעשייטעלטע ווייבער ווישען זיך מיט א ליכטבענשענדיגע מינע טרערען פון די אויגען:

— רבונו של עולם, גיב מיר מיין מאנ'ס לעבען, מיינע קינדער'ס לעבען, כ'זאל נאך דעם כח האבען צו זיין א מאמע צו די קינדער... א. א. וו. א. א. וו.

זיבען א זייגער ליינט דער ארקעסטער קריאת-שמע מיט'ן עולם, ער שפילט אויף די „מאדליטווא": „ווסיסטקע נעשע דזשעננע ספראווי". דער עולם שטעהט אויף פון די ערטער, עלטערע, חסידישע יודען, וועלכע זענען שוין דא א לענגערע צייט, ווייסען. וואס מ'שפילט און אנכלויפען. ווי זייערע פיס האלטען קיינמאל פון קיין אטרעטיזם אדער רעוומאטיזם נישט געוואוסט און די גרינע, די, וואס זענען ערשט וואס אנגעקומען שטעהן נעבעך, ווי די ליימענע גולמ'ס מיט די בלויזע קעפ און הארכען זיך איין מיט כונה און מיט פערגלייזטע אויגען:

— ס'איז באמת זעהר א שעהן שטיקעל, איהר ווייסט נישט, וואס דאס איז פאר א שטיקעלז... און אזוי. ווי קיינער ווייסט נישט, פערבייסט ער א פרישע קאווקע און געהט אהיים שלאפען — אז ס'איז אומהיימליך אהן דער אלטער...

וואו עס וועהעט נישט קיין טראָפען ריינע לופט. ווען הונדערטער פאמיליעס לעבען אין דהקות און צוליעב זייער שלעכטער ערנעהרונג ווערען זייערע גופים אבגעצערט, פערמאַטערט און איינגעשרומפען. די דאָזיגע אומגליקליכע זענען צום ערשט קרבנות פון נויט, הונגער און דערנאָך לויערט אויף זיי אנדערע מחבלים, וואָס הייסען טובערקולאָז, סוכאָטע, גרוזשליצע, וואָס זויגען אויס זייער לעצט ביסעל חיות און מאַכען א תל פון זייער לעבען.

אזעלכע בעטען נישט מעהר ווי אויף א ביסעל פרישע לופט און גוטע פפלעגע אין דאָס איז די ראדאָמער יודישע געזעלשאפט זיי מחויב צו געבען אהן שום אויסרייד. אין ווארשא איז דאָ אזא ספעציעלע געזעלשאפט „בריאות", וואָס פערנעמט זיך מיט'ן טרויעריגען גורל פון אזעלכע קראנקע, און שיקט זיי קיין אָטוואָצק, וואו זי בעזאָרגט זיי מיט לופט און גוטע פפלעגע. ראדאָם מוז און דארף נאָכטוהן דעם ביישפיעל און גרינדען אזא עהנליכע אינסטיטוציע, וואָס זאָל זיך בלויז בעשעפטיגען מיט אזעלכע ליידענדע. מ'טאָר נישט בלייבען גלייכגילטיג. ס'דאַרפען זיך געפונען מענשען, וואָס, פערשטעהענדיג און דער עיקר, פיהלענדיג דעם וויכטיגען צוועק פון אזא אויפגאבע, תיכף צוטרעטען צו רעאלע מעשים אין דער הינזיכט, ס'איז דער גרעסטער פערברעכען צו בלייבען גלייכגילטיג און נישט צו וועלען עפיס טוהן פאר די, וואָס שטעהען אויף דער שוועל צווישען טוידט און לעבען און ס'איז נאָך דאָ מעגליכקייטען זיי איבערצוּוועגען צו דער זייט פון לעבען, ווייל זייער קרענק איז נאָך פריש און יונג און האט האפנונגען געהיילט צו ווערען.

אין אונזער שטאָדט געפונען זיך אזעלכע לונגען-ליידענדע, וואָס צאַנקען און געהען אויס אין דער שטיל, אזעלכע וואָס זענען נאָך יונג און פריש און מ'קאָן זיי מיט גוטע לופט און גוטע ערנעהרונג דערהאַלטען ביים לעבען.

זאָל ביי דער ראדאָמער יודישע געזעלשאפט דערוועקט ווערען די איניציאטיווע צו שאַפען און גרינדען אזא אינסטיטוציע, וואָס איז איינס פון די גרעסטע וויכטיגקייטען.

ב. צווייג.



# אונזער אינטעליגענץ.

די אינטעליגענץ בכלל — איז דער מארך פון יעדער פאָלקס-אָרגאניזם, דער גייסטיגער משפיע פון די מאסען, דער וועג-ווייזער און רודער פון זיין קולטורעלער בעוועגונג.

דער גרעסטער טייל פון דער ציוויליזירענדער און עטיש-מאָראלישער מאכט, וואָס ליגט אין א פאָלקס-קולטור, בעשטייט נאָר אין דעם, וואו די בעסטע אנשויאונגען און אידעאלען פון די בעסטע פאָלקס-קינדער, די אויסגעשטייטאָגטע אין דעם ליידען-פולען פראָצעס פון דער פאָלקס-ענטוויקלונג זאמלען זיך אָן אין זיין גייסטיגער אטמאָספערע און רינען דורך די פערשידענע שיכטען, ביז צו די ווייטעסטע און טונקעלסטע טיילען פון פאָלק.

דאָס קען אבער געשעהן נאָר דאַן, ווען צווישען אינטעליגענץ און פאָלק איז נישט פאַרהאַן קיין מחיצה, קיין תהום; ווען אינטעליגענץ און פאָלק לעבען אין איין און דער זעלבער קולטורעלער סביבה און זענען ערציגען אויך אויסגעוואקסען געוואָרען דורך דעם פאָלקסטימליכען שול-וועזען.

נאָר אזעלכע קענען זיין צונויפגעבונדען מיט די אמת'ע פסיכישע פעדים פון פאָלקס-סאָלידאַריטעט און קענען שטיין אויף דער געהעריגער הויך פון סריי דינען מיט דעם גאנצען ערנסט די נאַציאָנאַלע אינטערעסען.

גאנץ אנדערש איז אבער מיט דער אינטעליגענץ, וואָס איז ענטוויקעלט און רייף געוואָרען אויף א פרעמדען באָדען. האָט אנגעזאפט אין זיך די אסימילאציע-ריחות, אָדער דעם קאריעריזם, דורך וועלכעס ס'ווערט אויסגעגראָבען א טיפער אָפגרונד צווישען זיי און דער מאסע און איבערגעריסען אלע גייסטיגע פערבינדונגס-פעדים.

די אסימילאציע אָדער דער טרוקענער מאטעריאליזם קומט לכתחילה צו דער אינטעליגענץ מיט דער פאָדערונג, אז זי זאָל זיך, פרינציפיעל, אָפזאָגען פון איהר אייגען פאָלק און זיינע לעבענס-ליידען און זי זאָל זיך, בכלל, נישט דאגה'ען מעהר אין זיין מצב.

אין דער מאָס, אין וועלכער די אינטעליגענץ אסימילירט זיך אָדער ווערט דורכגעדרונגען מיט דעם געדאנק פון קאריעריזם, פערלירט זי אין דער ווירקליכקייט יעדען צוזאמענהאנג מיט די פאָלקס-מאסען און אויך יעדער ווירקונג אויף זיי.

אויב די אינטעליגענץ אינטערעסירט זיך נאָך מיט איהרע ברודער און פירט נאָך א קולטורעלע ארבייט צווישען זיי בעשטייט דאָס נאָר אין דעם, וואָס זי שלעפט ארויס יאָהר-יעהרליך פון זיי אלץ א גרעסערען פראָצענט פון יונגע פעאיגע מענשען און מאכט זיי פא-



זי דאַרט. איך — דאָ... אוי, גאָטעניו, דו קנרעיועסט דאָס א טראָפעלע מיט דיין וועלטעלע.

אז אלטהאַרג איז זיך שוין צוגאנגען געהט יונגוואַרג „נא פאָלאָוואניע", פראָסטפשוט זיכען „פאָוואָדזעניע". נאָר אין דעם ענין איז טשעכאָטשינעק עפיס א מין עולם הפוך, וואָס אומעטום איז פערקעהרט איז דאָ קאַבויד.

ביי אונז אין דער שטאָדט ראדאָם און אין נאָך אזעלכע וועלט-בעריהמטע מקומות, ווייסען מיר אז פאָוואָדזעניע זוכט דאָס מאַיסערע מין, און דאָ — געהט דוקא דאָס שעהנע געשלעכט אויף „פאָלאָוואניע" און אזוי ווי זיי זענען קנאַפּע שיסער'ס, קומען זיי טאַקי אפט אהיים מיט גאָרנישט, ווייל כאָטש טשעכאָטשינעק איז א שטאָדט, פון זיין ליבען נאָמען, וואו מ'קען בעקומען (פאר די פאר זלאָט, פערשטעהט זיך) פון בחנם-דיג זאלצוואסער ביז העמדער-קנעפּלעך און פון העמדער-קנעפּליך ביז שיטערע זייף... — א שטיקעל מאַנספערשוין אבער קומט אָן מיט'ן טויט... און אויב ישעיה הנביא האָט זיך געשאַפען „אנ'אידיליע" פון „והחזיקו שבע נשים באיש אחד" — איז ער, הענים, קיינמאָל דאָ נישט געוועהן, ווייל לויט חכמת הפּראָפּאָרציע קומט דאָ אויס אויף איין מאַנספערשוין אנ'ערך פון 22 ביז 48 נשים... קען מען טאַקי אָפט, אין שפּעטע נאַכט שעה'ן דערהערען און דערזעהן אין דעם שוין פינסטערען פּאַרק אָט אזעלכע מינים סצענקעס:

עס געהט א מחנה אויסגעפּראַנטעוועטע אויסדעקאָלטירטע, אָפּגעפאַרבטע און בעשמעקטע יונגע ווייבלעך צו פינף זעקס אין דער ברייט, — (טשעכאָטשינעק איז נישט ראדאָם...) הינטערגענס בעגעגענען זיי עפּיס א פערשפּעטיגטען און פערבלאָנדזשעטען — פאָראַטרעטירטען מאַנספערשוין. די נשים פערשטעלען איהם דעם וועג:

פּאַניע לאַדני, פּאַניע קאָכאַני, ניעך פּאַן נאַס זאַבּאַווי...

ד"ר 70-יעהריגער קאַוואַליער, האָט שוין אבער נישט קיין פליהה אין דער נאָז און עס חלומ'ט זיך איהם א וואַרעם בעט מיט א פערינע... האַלט ער זיך אין דער מדרגה און ענטפערט אפילו נישט.

די ווייבלעך אבער זענען נישט פון די, וואָס „א האַלב טוץ פאַר א זלאָטי-פופציג". אז זיי האָבען שוין געפּאַקט לאָזען זיי אזוי לייכט נישט אָפּ. פערענגערט מען ארום'ען בחור דעם קריין און מען טשעפּעט... דער בחור בייזערט זיך:

— פּראָשע בעז ראַנק...

צולאַכען זיך די ווייבלעך און לאָזען ווייטער נישט אָפּ און דער קאַוואַליער בעקומט ערשט די אמת'ע „פוריע":

— צאָ טאָ זאַ שמיאַלאָששי... צאָ טאָ זאַ שווינסטוואָ!... א. א. ח.

נאָר וויאויל אין דעם יונגען שעהנעם בחור, וואָס האָט זיך געלאָזט אָנציהען פון א פּאָר ווייבלעך (און... אפשר גאָר — איז חעה צו זיינע יאָהרען...) מיט פּרנסה מיט „איטשימאניע" און מיט כל טוב. אויפ'ן גאנצען סעזאָן איז ער שוין פערזאָרגט און מ'שמועסט טאַקי.

אז די איינציגע פאַר געזונדע בחורים, וואָס מ'זעהט דאָ ארומדרעהען, זענען טאַקי „זאַחאַדאַווע" אויף „אוטשימאניע" ביי זייערע ווייבלעך...

אין טשעכאָטשינעק זענען נאָך פערהאַן פיל גוטע זאכען, ווי גערטנער, א וואַלד, א פּלאַזשע, א וואַסער א. אַנד. נאָר וועגען דעם — א צווייט מאָל.

י. שרה'לעס.



...קיראס, אזעלכע אסימילירטע אדער פערגאלאפירטע עגאאיסטען ווי זיי אליין.

וואס-זשע קען זיין דער רעזולטאט פון אזא גייסטיגען צושטאנד פאר די איבערגעבליבענע פאלקס-מאסען?

דער רעזולטאט איז זעהר א טרויעריגער.

דאס בעסטע און שענסטע, וואס מיר פארמאגען גייט פון אונז אוועק און און עס בלייבט נאר איבער דער עלעמענט, וועלכער איז נישט פעהיג צו מאכען קיין שום פארטריט אויף קיין געביט פון אונזער גייסטיגען און קולטורעלען לעבען.

א דאנק דעם דאזיגען אויסערנאטירליכען און געגען-נאטירליכען אפקלייב, פעלט ביים פאלק דער פראגרעס-טרייבער, די עלעמענטען פון דער פערזענליכען איניציאטיוו.

דער קולטורעלער שטראם מוז זיך אזוי ארום אפשטעלען און עס שאפט זיך אינם לעבען פון פאלק א שטייעדיגער זומפ.

פונקט אין דער זעלבער לאגע, ווי א לאנד, פון וועלכען די בעסטע קינדער איהרע מוזען עמיגרירען, געפינט זיך יעצט דאס יודישע פאלק.

לאמיר נעמען דעם שול-וועזען.

נישט קוקענדיג דערויף, וואס די גאנצע משא שטייערען ליגט כמעט אויף דער דריי מיליאניגער יודישער בעפעלקערונג — ווערט ער נישט נאר סובסידירט דורך דער רעגירונג, נאר ער איז אויך נישט גלייכבערעכטיגט פאר די אביטוריענטען צו געניסען פון די אלע שול-רעכט, דורך וועלכע די בעסטע קינדער פון יודישען פאלק זענען פערשטראמט געווארען צווישען א פרעמדער סביבה און א פרעמדער קולטור און זענען געווארען גלייכגילטיג צו די אקטועלסטע יודישע פראבלעמען.

ס'איז יעצט ענטשטאנען ביי יודען א גייסטיגע ארעמקייט אויף זייערע אלע קולטורעלע געביטען.

שוין זייט צוויי דורות האט זיך ביי אונז כמעט נישט בעוויזען קיין נייער ליטערארישער קינסטלערישער טאלאנט.

מיר האלטען אין איין פראווען „יאהרצייטען" און וועקען די טויטע, ווידער שלום עליכם אדער פרץ, ווייטער קומט מען נישט א טריט. דאס יודישע טעאטער איז גאר פארוואהרלאזט. דורכדעם איגנארירען מצד דער יודישער אינטעליגענץ, באמיט מען זיך צייטענווייז צו בעפרידיגען די נישט עסטעטישע געפילען פון דער מאסע, ווייל ס'איז נישט פארהאן ווער עס זאל ווירקען און אויסבילדען איהר.

אויב עס איז נאך געבליבען א וועלכע ס'איז קולטור - דורשט ביי דעם יודישען פאלק און ס'זוכט צובעפרידיגען דאס אין זיין אלטער שפראך דורך אייגענע קרעפטען מוז ער זיך בענוגענען מיט יענע מיטעלמעסיגע כחות, וואס די אסימילאציע, אדער דער קאריעריזם האט איהם אפגעלאזען.

וואס פאר א שטייגער קולטור עס קען געשאפען ווערען דורך אזעלכע „קולטור-טרעגער" איז לייכט צו פערשטעהן, דאס ברענגט נאר צו א פערווילדערונג אויף אלע געביטען פון דעם פאלקס לעבען און די ערגסטע פערווילדערונג — די מאראלישע.

דער איינציגער אויסוועג פון דער יעצטיגער שרעקליכער גייסטיגער לאגע איז נאר, ווען מען זאל בעפרידיגען אונזערע פאדערונגען פון די יודישע וועלטליכע שולען, וואו מיר זאלען ערציהען א שטאלצע און אמת יודיש-נאציאנאלע אינטעליגענץ, וועלכע דארף זיין אפילו לגבי אונזערע געגנער די קלארסטע און עלעמענטאר-מענשליכע פאדערונג.

א. סטר—ער.

# צי איז דא אין ראדאם ביים היינטיגען טאג א ראבינאט?

(עטליכע ווערטער מכח דעם ראבינאט-ארטיקעל פון ה' ב. צוויג.)

אין צוזאמענהאנג מיט'ן ארטיקעל פון ה' ב. צוויג א. ג. „צי ברויך ראדאם א רב, אדער ס'איז גענוג א ראבינאט". — וואס איז געדרוקט אין יענערוואכענדיגען „ראדאמער לעבען" נומער 166, — וואלט איך, איינער פון די פשוט'סטע בעלי הבתים אין ראדאם, געוואלט שטעלען דעם דערמאנטען ג. שרייבער א פראגע פאר וואס ער האט דעם ענין פון רב און ראבינאט נישט בעטיטולט אונטער אזא פראגע צייכען: „צי האט ראדאם בכלל א ראבינאט, אדער מ'האלט בלויז נאך ביי דער רב-פראגע?" לויט מיין מיינונג געפין איך איין, אז אט די פראגע איז זעהר אקטועל ביי אונז אין ראדאם, און וואלט, לויט מיין איינזעהן, געברויכט געפונען א אבקלאנג אויף אנ'עפענטליכע טריבונע, וואס ווידמעט אויף זיינע שפאלטען פון צייט-צו-צייט א ארט פאר ענינים, וואס האבען א שייכות מיט דער רעליגיעזער און גייסטיג-יודישער רעפרעזענטאנץ ביי אונז אין שטאדט.

וואס אנ'אמת מוז איך מודה זיין, אז די בעהויפטונגען און מסקנות פונ'ם ה' ב. צוויג זענען אויפ'ן ארט און זיין בליק אויף דער גאנצער זאך איז קלאר אויסגעפאסט און לאגיש בעגרינדעט, אמת, זיין ארטיקעל איז געזונד און צייכענט זיך אויס מיט גראנדלינגקייט און איז צו גלייכער צייט אויך איבערצייגענד. אבער נאך דעם אלעם, ווי דער ה' ב. צוויג ווייזט ארויס א פולשטענדיגע אריענטאציע און בעגרייפט גוט די זאך-לאגע, וועלכע האט זיך געשאפען אין צוזאמענהאנג מיט'ן רבניש'ען כשוף ראד, פון וועלכען די שטאדט קאן גארנישט ארויס און איינמאל פאר אלע מאל פטור ווערען פונ'ם גאנצען קאשמאר, שטאד אין פערפלאנטערטקייט,—נאך דעם אלעם איז מיר דאך א וואונדער, וואס דער ה' ב. צוויג האט אין זיין גאנצער אבהאנדלונג פערגעסען צו בעריהרען נאך א וויכטיגען פרט, און נעמליך די פראגע, צי האט ראדאם ביים היינטיגען טאג א ראבינאט, וואס זאל פאקטיש בכח זיין צו רעפרעזענטירען אזא גרויסע יודישע קהלה, וועלכע צעהלט שלא בערך עטליכע און דרייסיג טויזענד איינוואהנער? צי בעזיצען די צוויי מורי הוראות, וואס בילדען היינט אין ראדאם דעם אזוי גערופענעם ראבינאט, די נויטיגע קוואליפיקאציעס, אז זיי זאלען אימשטאנד זיין צו פערקערפערען מיט זיך דעם נאמען ראבינאט?

לויט מיין פערשטאנד און פראסט-פשוט'ען שכל וואלט די גמינע בעדארפט נאך פריהער פאר דער רב-ערלעדיגונג אויפנעמען צוויי נייע מורי הוראות, וואס זאלען א חוץ לומדות און גאונות, אויך גרינדליך בעזיצען די לאנד'ס-שפראך, און זאלען אויך זיין צו-גאט און צו-לייט, אז מען זאל זיך מיט זיי קאנען פארשטעלען אומעטום, אזוי פאר קהל אינוועניג, ווי אויך פאר דער אויסערליכער נישט-יודישער וועלט אין דרויסען. די רב פראגע איז נישט אזוי אויף דער גיך. דאס איז אפשר א מעשה אהן אנ'עק, און א יודישע קהלה, בפרט אזעלכע ווי אונזער שטאדט ראדאם, וואס איז אין איכות און אין כמות, אזוי אין דער צאהל, ווי אויך אין דער פערשיעדענארטיגקייט און אין דער פערשידענפארביגקייט פון כל-ערליי קלאסען, ספערען און שיכטען, הן רעליגיעזע, אינטעליגענטע, וועלטליכע און אייראפעאישע — א אנגעזעהענער וועלטליכער יודישער קבוץ, וואס איז בערופען צו טראגען דעם נאמען פון אנ'עיר ואם בישראל. איך פרעג מיך דעריבער. צי קאנען צוויי מורי הוראות, וואס האבען קיינמאהל נישט אמטירט אלס אזעלכע אין גרעסערע שטעדט, און וואס וואלטען גיכער געווען אויס'ן ארט אויף דער פראווינץ פון ארום ראדאם, צי קאנען זיי ווירקליך רעפרעזענטירען אזא שטאדט ווי ראדאם און גילטען פאר איהר אלס א פאקטישער ראבינאט?

מיין כונה איז נישט חלילה צו געבען וועמען אנ'העברה. זיי קאנען, לויט מיין מיינונג, זיך בלייבען ווייטער אויף זייערע פאסטענס, עס מוז אבער צו די צוויי שוין פערהאנענע מורי הוראות צוגענומען ווערען סאקי וואס פריהער נאך צוויי מורי הוראות, פעהיגע, טיכטיגע, וועלכע זאלען ארויסרופען צו זיך די געהעריגע אכטונג, פיעטעט און דרך ארץ, און מיט זיי ערשט זאל רעארגאניזירט ווערען די אינסטיטוציע, וואס רופט זיך ראבינאט. איך וואונדער מיך דעריבער זעהר. וואס דער ה' ב. צוויג האט דאס אין זיין ארטיקעל דורכגעלאזט און נישט אויפמערקזאם געמאכט וועגען דעם די יודישע קהלה-פארשטעהער. איך גלויב, אז מיין מיינונג. איז אויך די מיינונג פון א סך פערשטענדליכע יודישע איינוואהנער פון אונזער שטאדט און זיי האלטען גלייך מיט מיר, אז א רעליגיעזע פארשטעהערשאפט פאר אזא יודישע קהלה מוז האבען איהר פערנעם, איהר גלאנץ, איהר אנזעהן און אויסאריפעט אזוי כלפי פנים, ווי כלפי חוץ און מ'קאן איהר נישט טראקטירען ווי א פשיטיק, אדער א יאלינעוו, וואס פראצענטועל לויט זייער וואוקס און צושטאנד האט דארט די יודישער בעפעלקערונג אפשר א מעהר צוגעפאסטען ראבינאט ווי דא מיר.

היינטיגע צייטען זענען דאך נישט ווי א מאהל, ווען דאס נישט קאנען גלייך ארויסזאגען א פויליש ווארט איז געווען א שטאלץ פאר א יודישען גייסטיגען מנהיג. דער היינטיגער לעבענס-

שטיינער אונזערער איז, ווי עס זאל נישט זיין, יעדענפאלס איבערגעאנדערשט געווארען און האט די שטרעבונג מעהר זיך צו פערוועלטליכען, צופאסענדיג זיך צו די מאדערנע פערהעלטנישען פון יעצטיגען לעבען. היינט וועט דאך קיינער נישט זאגען, אז ווען א גייסטיגער פארשטעהער פירט אן א שבועה מיט יודישע זעלנער אין ווען דאס ווארט „זשעטשפאספאליטא" קומט איהם זעהר שווער אן ארויסצוזאגען—איז דאס א כבוד פאר דער יודישער בעפעלקערונג, בשעת אפילו די יודישע דורכגעהער, אדער ציווילע אנגעזעהענע קוקען זיך אן מיט פעררויטעלטע פנימ׳ער, בשעת אויך די מיליטערישע פארשטעהער וואונדערן זיך, צי די יודישע בעפעלקערונג פערמאגט טאקי נישט אנ׳ענטשפרעכענדען, וועלטליך-יודישען גייסטיגען רעפרעזענטאנט.

איך וויל נישט, חלילה, קיינעם פוגע בכבוד זיין, איך וויל נאר אויפמערקזאם מאכען די יודישע קהלה, אז אין איהר אייגענעם אינטערעס ליגט, אויב זי וויל רעדען צו דער יודישער בעפעלקערונג אין נאמען און דורך דער פערמיטלונג פון ראבינאט, מוז זי זיך בעזארגען מיט נאך איינעם מורי הוראות, וואס זאלען מיט זייער געלערענטקייט אין יודישען און אויך זייענדיג גוט בעהאווענט אין וועלטליכע קענטניסען, קאנען שטעהן אין קאנטאקט מיט אלע ספערען; און שיכטען פון דער גאנצער יודישער בעפעלקערונג, וועלכע אלע אהן אויסנאהם זאלען זיי רעספעקטירען און זיך רעכענען מיט זייער אויטאריטעט, און אויסערדעם זאלען זיי אויך בכח זיין צו רעפרעזענטירען די יודישע בעפעלקערונג און איהר קהלה פאר דער אויסערליכער וועלט.

**א ראדאמער בעל הבית.**

# וואס הערט זיך אין ראדאם.

## דער טומעל ארום דער פראגע פון אויפנעמען נייע שוחטים.

ווי מיר האבען שוין מיטגעטיילט, האט די שחיטה-קאמיסיע ביי דער גמינע אויפגענומען פאריגע וואך א נייעם שוחט פון זאקשעלקאוו. דער נייער שוחט האבען אין שחט-הויז אריין בעגלייט די מורי הוראות טייטעלבוים און דער קוזשער רב, און ווען די קצבים האבען נישט איינגעשטימט צו שחט׳ען ביי דעם נייעם שוחט, האט דער מורה הוראה טייטעלבוים ערקלערט די קצבים, אז דער נייער שוחט שח׳ט בחנם. דער דאזיגער מאניפעסט האט בעוואויגען דעם בעשלוס פון די קצבים וייכער צו מאכען, און טאקי אויפ׳ן גרונד פון אט דער ערקלערונג איז דער נייער שוחט געקומען צום ווארט און ער איז צוגעלאזט געווארען צו דער שחיטה. האט דער שוחט גע׳שחט׳ען און די קצבים האבען נישט בעצאהלט. אז ס׳זענען אוועק אבער עטליכע טעג און אין דער קאסע פון גמינע האט אויפגעהערט איינצופליסען געלד פון דער שחיטה, האט די זעלבע שחיטה-קאמיסיע גערופען אנ׳אסיפה, איינלאדענדיג, אגב, אויך א טייל פון די שטאדטישע בעלי בתים, כדי געמיינזאם זיך צו בעראטען מכח דעם ענין און אנצונעמען מיטלען, אז די קצבים זאלען נישט אויסנוצען דעם געשאנקענעם מאניפעסט. און טאקי זעהן צו בעצאהלען שחיטה-געלד.

די אסיפה איז פארגעקומען אין גמינע פאריגען דאנערשטאג און די אנטיילנעמער אויף דער זיצונג האבען שטארק רעאגירט דערויף, וואס דער מורה הוראה טייטעלבוים האט זיך ערלויבט, נישט זייענדיג פון קיינעם דערצו בעפולמעכטיגט, צומאכען אזא הנחה פאר די קצבים. וואס פאר א מיטלען די אסיפה האט אנגענומען איז אונז נישט בעוואוסט, מחמת ווי מיר הערען, זאל די זעלבע זיצונג האבען געשטערט געווארען, צוליב דעם, וואס אין דער זעלבער צייט וואס די שחיטה-קאמיסיע צוזאמען מיט דער גמינע-פערוואלטונג האבען געפיהרט די זיצונג, איז געקימען א דעלעגאציע פון האנדווערקער-פארשטעהער, וועלכע מ׳האט אין תחילת נישט געוואלט אריינלאזען, ענטפערענדיג די, אז די גמינע נעמט יעצט נישט אויף קיין דעלעגאציעס, נאר זיי זאלען אנגעבען שריפטליך, וואס זיי ווילען, אבער נאך א שטארקען געראנגעל מיטן גמינע-וואזשני איז די דעלעגאציע ענדליך אריין און געפאדערט אנ׳ערקלערונג, ווער ס׳איז געווען דער דאזער, וואס האט זיך ערלויבט צו בעליידיגען דעם ראדאמער האנדווערקערטום מיט׳ן פערטייטשען בעוואוסטזיניג דאס קבר פון זייער פערשטארבענעם פרעזעס ל. בריליאנט. זעהענדיג, אז דערפון קאן ארויסקומען א גרויסער סקאנדאל האבען עטליכע דאזערעס פערלאזט די זיצונג און וואס ווייטער איז געווען, צי די זיצונג איז ווייטער פארטגעזעצט געווארען, צי נישט, ווייסען מיר נישט.

וועגען די פראגען פון נייע שוחטים האט די שחיטה-קאמיסיע אבגעהאלטען א צווייטע זיצונג, מאנטאג, היינטיגע וואך, וואס דארט איז גערעדט געווארען דארף משמעות קיינער נישט וויסען. ס׳איז גענוג, אז וועגען דעם וויסען א צוויי דריי מיטגלידער פון די קאמיסיע און דאס איבריגע קאן גאנץ קהל זיך דרייסט פערלאזען...

אין צוזאמענהאנג מיט די פראגע פון נייעם שוחט שמועסט מען אין שטאדט, אז דער מורה הוראה מענדיל סקארישאזער האט דעם נייעם שוחט געגעבען אנ׳הזהרה, אבצוהאלטען זיך צו פערנעמען דעם פאסטען. און ווען דער שוחט האט זיך צו איהם געווענדעט, ער זאל זעהן ביי איהם א חלף, האט ער זיך אבגעזאגט דערפון און ערקלערט, אז די קאנסעקווענצען וועט טראגען דער נייער שוחט, ווייל לויט זיין מיינונג איז נישט אויסגעשלאסען, אז ער וועט ברויכען צוריקפאהרען קיין זאקשעלקאוו.

ווי עס איז אלזא צו זעהן, איז די בית הקברות און די שחיטה-פראגע די אקטועלסטע טעמעס, און אונזערע אמאליגע בעלי טאקסע-העלדען זענען אין די ראליען און האבען אין אונזער שטאדט א ברייט פעלד אויסצונוצען זייערע „ריהמפולע" מעשים"...

ווי לאנג נאך וועט דאס געדוירען?

## דער שטארקסטער פוילישער ספארט-קלוב אין קעלץ „סאקול" ווערט בעזיעגט דורך דעם ראדאמער „בר-כוכבא".

ש) א גרויסע סענסאציע האט ארויסגערופען דער רעזולטאט פון לעצטן מייסטערשאפטס-מעטש ווען קלאס „ב" צווישען דער היגער בר-כוכבא מיט דעם שטארקסטען פוילישען ספארט-קלוב פון קעלץ „סאקול", וואס איז פארגעקומען פערגאנגענעם שבת אויפ׳ן ספארט-פעלד פון ר. ק. ס. (אלטען גארטען). דער מעטש, וועלכער אין געווען העכסט אינטערעסאנט, האט צוגעצויגען א ריזיגען עולם פון א פערשידענארטיגען פובליקום, קריסטען און יודען.

דער גאנצער עולם, קוקענדיג אויף די שטארק פיזיש-ענטוויקעלטע שפילער פון „סאקול" איז געווען כמעט ווי זיכער, אז בר-כוכבא וועט אהן שום ספק, פולשטענדיג בעזיגט ווערען. עס איז דעריבער גישט געווען קיין ווינדער, וואס דאס גאנצע פובליקום איז געבליבען ערשוינגט, ווען בר-כוכבא האט אין פערלויף פון די ערשטע אכט מינוט פאר דער ערשטער פויזע שוין געמאכט 1 גאל, וועלכע איז אדורכגעפיהרט געווארען אדאנק די גלענצענד - טעכנישע אריענטאציע פון זיינע מיטעל-שטורמער. דער ערשטער נצחון פון בר-כוכבא איז בעגלייט געווארען פון א האגעל אפלאדיסמענטען מצד דעם יודישען פובליקום.

אויף דער צווייטער העלפט, נאך דער פויזע, האט זיך צווישען ביידע ספארט-קלובען ענטוויקעלט א אינגעהיירער אמביציעזער קאמפף, אין וועלכען בר-כוכבא האט זיך ווידער אמאהל אויסגעצייכענט און געמאכט נאך 2 גאלען. און „סאקול", נאך גרויס מיה, — 1 גאל. דער רעזולטאט איז אלזא געווען 3 געגען 1 לטובת בר כוכבא.

עס לוינט צו דערמאנען דעם טויערמאן פון בר-כוכבא סט. פריידאס, וועלכער האט איינינע מאהל געראטעוועט די סיטואציע און איינער אליין, שטעהענדיג אויף זיין פאזיציע, אבגעשטויסען די שטארקע אטאקעס פון געגנער. עס האבען זיך אויך אויסגעצייכענט די ב"כ שפילער: וויזענבערג, אייזמאן, נאדעל, אפאסטאווסקי און זילבערבערג.

* * *

צומארגענס, זונטאג, איז פארגעקומען א מייסטערשאפטס-מעטש וועגען קלאס „צ" צווישען „מכבי" מיט ראדאמיאנקא II און זיך פערענדיגט, נאך א גלענצענד שפילען פון די יודישע „מכבי"-שפילער, 3 געגען 0 לטובת „מכבי".

## די דראהביטשער יודישע פרוי דריקט אויס איהר טיעפסטען דאנק דעם „ראדאמער-לעבען".

פאראכטאגען פרייטאג, ווען דאס ארטיקעל וועגען מאן-פערפיהרער פון דער דראהביטשער יודישער פרוי, האט זיך בעוויזען אין אונזער צייטונג, האט דער זעלבער „העלד" מיט ן נאמען גרינבערג-פרענקעל באלד עוקר געווען און איז פערשווינדען געווארען פון ראדאמער האריזאנט. ווי מען גיעט אונז

איבער זאָל ער האָבען נעלם געוואָרען אין שטעטיל אָסטראָווצע, מסתמא, אויף אַזעלכע „גאַסטראָלען“.

נאָכ'ן איבדרוקען דאָס ארטיקעל האָבען מיר פון דער דאָזיגער אומגליקליכער יודישער פרוי אין דראָהאָביטש ערהאלטען פאָלגענדען דאַנק-בריעף:

געעהרטע רעדאקציע פון „ראַדאָמער לעבען“!

איך בעט אייך אנצונעמען פון מיר מיין טיפסטען דאַנק פאר אייער געפעליגקייט אָבצודרוקען דעם דורך מיר צוגעשיקטען אַרטיקעל בנוגע דעם „אייביגען חתן“, איך האָב דערפון א דאָפעלטע צופריעדענהייט, ווייל איך גלויב, אז כ'האָב אזוי נאָך פערהיטען ראַדאָמער מיידלעך חתונה צו האָבען מיט איהם, איך רעכען, אַז יעדער יודיש ראדאָמער מיידעל דאַרף מיר פאַר דעם דאנקבאַר זיין.

מיט האַרציגען דאַנק און טיעפע אכטונג

**אננא פרענקעל**
דראָהאָביטש.

## צום אנדענקען פון ל. ברילִיאַנט

אונזער רעדאַקציע האָט ערהאַלטען 15 זל. פון היגען רעיענט ה' ראָגוסקי, וועלכער בעט עס איבערצוגעבען פאר דער יודישער געזעלשאפט „טאָז“ אלס פערעהרונג'ס-צייכען פאַר'ן פערשטאָרבענעם פאָפולערען עסקן ל. בריליאַנט.

צואיינקאַסירען דאָס געלד דאַרף מען זיך ווענדען אין אונזער רעדאַקציע.

## מזל טוב, נאָך א מחותן אויף דער חתונה

### (די ראַדאָמער פוילישע פרעסע מישט זיך אויך אין ראַדאָמער רבנות.)

די היגע צוויי פוילישע טעגליכע צייטונגען „סלאָוואָ“ און „א. ב. צ.“ האָבען געווידמעט גרעסערע נאָטיצען דעם פאַקט, וואָס דער העכסטער טריבונאַל האָט מבטל געמאַכט די רבנות-וואַהלען אין ראַדאָם. אין די נאָטיצען איז צו בעמערקען א טענדענץ פון שטאַרקער צופרידענהייט צוליב דעם פסק, וועלכען זיי האַלטען פאר א גינסטיג-אויסגעפאַלענעם לטובת ה' קעסטענבערג. גאָר בעזונדערס צושרייבט זיך די „א. ב. צ.“ וועלכע רעדט ארום באריכות די פערדיענסטען פון ה' קעסטענבערג, וועמען זי שענקט לויטער שבחים און לויב-געזאַנגען. אזוי למשל ווייסט די זעלבע צייטונג צו דערצעהלען, אַז אין טאָג, ווען ס'איז אָנגעקומען קיין ראדאָם די ידיעה וועגען פסק פון טריבונאל, האָבען הונדערטער מענשען בעזוכט די וואָהנונג פון ה' קעסטענבערג און איהם פערזענליך אויסגעדריקט גליקוואונשען צוליב זיין מאָראַלישען נצחון, און אז ה' קעסטענבערג דערהאלט יעדען טאָג פיעל בריעף און טעלעגראמעס מיט דעם זעלבען אינהאלט. די „א. ב. צ.“ פערוועסענדיג זיך אויפ'ן קאמוניקאט פון ניי-געשאפענעם בירגער-קאָמיטעט, פערזיכערט, אז צווישען דער יודישער געזעלשאפט הערשט די איבערצייגונג, אז ה' קעסטענבערג וועט קורצליך איבערנעמען צוריק זיין אָפיציעלען אמט.

אבי מ'זאָגט אז די פוילישע פרעסע איז ווייט פון די ספעציפישע יודישע פראַגען און פערנעמט זיך ווייניג מיט זיי...

## פון יודישען ראַטמענער-קאָלאָ אין ראַדאָם.

דאָס יודישע ראַטמענער-קאָלאָ ביים שטאָט-ראָט אין ראדאָם מעלדעט דער יודישער געזעלשאַפט אין אונזער שטאדט, דאָס אָנהויבענדיג פון זונטאג דעם 10/VII ד. י. האָט אָנגעהויבען זיין טעטיגקייט דער סעקרעטאַריאַט פון יודישען ראַטמענער-קאָלאָ.

דאָס ביוראָ פון סעקרעטאריאט איז טעטיג יעדען טאָג חוץ שבת און יו"ט פאַר אינטערעסאַנטען פון $10—11\frac{1}{2}$ אין לאָקאל פון דער ציונ. אָרג. לובעלסקא 25.

מיט'ן ביוראָ לייטעט מאַגיסטער יורי אברהם סאַלבע.

## דעפ. יצחק גרינבוים אין ראַדאָם.

שבת דעם 16/VII—27 וועט בעזוכען אונזער שטאָדט דער בעוואוסטער פאָלקס-טריבון און פיהרער פון פוילישען יודענטום דעפ. יצחק גרינבוים. דעפ. גרינבוים, וועלכער קומט אהער אויף דער איינלאַדונג פון דער קק"ל-קאָמיסיע, וועט אנטייל נעמען אין דער גרויסער פאָלקס-פערזאמלונג וואָס קומט פאָר אין זאל „קאָרסאָ“ $1\frac{1}{2}$ נ. וואו ער וועט רעפערירען א.ד.ט. „די גסיסה פון סיים און די אויפגאַבען פון פוילישען יודענטום אין יעצטיגען מאָמענט“ נאָכן רעפעראט זענען פאָראויסגעזעהן דיסקוסיעס.

דער רעפעראַט פון דעפ. גרינבוים הן צוליב דער פערזענליכקייט פון רעפערענט, ווי אויך צוליב דער אקטואליטעט פון ראָס טהעמא, וועלכעס וועט בערירען די אָנגעווייטאָגסטע פראגען פון פוילישען יודענטום אין יעצטיגען מאָמענט, האָט ארויסגערופען א גרויסען אינטערעס און אנזעהן אין אונזער שטאָט.

די יודישע געזעלשאפטליכקייט בעגריסט דערמיט דעם גרויסען נאציאָנאַלען קעמפפער און זאָגט איהם: ברוך הבא.

## א ראַדאָמער דיקטאַטאָר, וואָס הייסט זיך בעצאָלען 50 טויזענד זל.

דער מאגיסטראט האָט דערהאלטען פאָלגענדען אינטערעסאַנטען בריעף:

צום שטאָדט-ראַט אין ראַדאָם.

פעראָרדנונג נ. 1.

איך בעפעהל, אז תיכף ומיד, העכסטענס פראָלאָנגיר איך ביז'ן 26/6 ה. י., עס זאָל געבראַכט ווערען אויפ'ן אַדרעס: ראדאָם לובלינער 18, צו דעם, וואָס וואָהנט נישט אין די מעבלירטע צימערען פון ה' מ. וויענער, א סומע פון 50,000 זלאָטעס פאַר'ן דיקטאטאָר פון דער שטאָדט ראַדאָם. דאָס געלד קאָן זיין פון דער שטאָדט-קאַסע, ווי אויך צונויפגענומען אין כאראַקטער פון שטייערן. די דאָזיגע סומע לייג איך אַרויף אויף אָלע איינוואָהנער פון ראַדאָם און איהר פראָווינץ.

די בעשטימטע סומע בעטראַכט אַיך אָלס אַ פענסיע אייפ'ן לויפענדען, ווי אויך פאַר'ן קומענדען חודש ביז דעם 22/7 ה. י., דער שטייער ברויך אָמשנעלסטען צונויפגעזאמעלט ווערען ביי דער מיטהילף פון דעפוטאַציעס. אין וועלכע ס'זאָלען זיין בעטייליגט מיידלעך.

**דיקטאַטאָר**
**וויקטאָר קאָסטקעוויטש.**
23/VI-27

פ. ס.: אינפאָרמאַציעס וועגען מיין פאַרזאָהן, — ערטיילט די מלוכה'שע באהן-דירעקציע אין ראַדאָם.



## צי איז דאָס בלויז קלאַנגען?

אין שטאָדט קורסירען קלאַנגען, אז קיין נייע וואהלען אויף א רב וועלען שוין מעהר נישט פאָרקומען, און אז עס וועט בלויז גענוג זיין, אז דער וואָיעוואָדא אין קעלץ וועט די וואהלען בעשטעטיגען. די קלאַנגען שטיצען זיך דערויף, וואָס דער פסק פון העכסטען טריבונאַל, האָט אנערקענט די [illegible] פון דאָזאָר ה' [illegible], דאָס די וואהלען זענען צוליב דעם [illegible], מחמת דער [illegible] האָט [illegible] נישט אונטערגעשריבען. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט ווערט [illegible], אז די נויטווענדיגקייט פון נייע וואהלען פאַלט אָב מיט'ן מאָמענט ווען דער וואָיעוואָדא וועט די פון פריהער שוין פאַרגעקומענע וואהלען בעשטעטיגען.

ווען דאָס זאָל אמת זיין איז נאָר אונפערשטענדליך, וואָס אין דער וואַרשאַווער יודישע פרעסע, וועלכע האָט געבראכט דעם אורטייל פון טריבונאל, איז וועגען דעם נישט דערמאָנט געוואָרען. „אקא“ האָט אין איהר בעריכט איבערגעגעבען אויספיהרליך מלה במלה דעם פסק מיט אלע מאָטיווען. און דעם פרט פון א ברירה-מעגליכקייט, דאָס דער ה' וואָיעוואָדאַ אין קעלץ קאָן מיט זיין אונטערשרייבען כשר'ען די פאָרמעלע זייט, — נישט דערמאָנט. אויף וועלכען יסוד די קלאַנגען שטיצען זיך איז אלזאָ נישט אינגאַנצען קלאָר. ס'וואָלט געוואונשען געווען צו הערען די מיינונג וועגען דעם פון די קהלה-קרייזען, צי דאָס איז פאַקטיש אמת, אָדער קלאַנגען.

## א גרויסע שריפה.

אין דאָרף זאוואָדי-נאָווע נעבען יעדלינסק האָט אין דער נאכט פון פאַריגען פרייטאג אויף שבת אויסגעבראָכען א גוואלדיגע שריפה. דאָס פייער האָט ארומגענומען די שכנות'דיגע הייזער. פון וועלכע בערך 100 איינוואָהנער זענען געבליבען אָהן אַ דאך. דער שאָדען ווערט געשאַצט איבער 60000 זל.

## פאַגאַטאָוויע פון מאַגיסטראַט בעדיענט דעם „לינת הצדק“.

פערגאַנגענעם שבת-צו-נאַכט האָט זיך צום „לינת הצדק“ רווינסקא 3 געווענדעט דער אָפּיעקון ש. לאַנדוי, אז מען דאַרף נויטיג אוועקשיקען קיין וואַרשא א ערנסט קראַנקען. דער וויצע-פרעזעס י. ביאַלסקי האָט גלייך אינטערווענירט אין מאַגיסטראַט, פון וואַנען מ'האָט תיכף ארויסגעשיקט דאָס פאַגאָטאָוויע-קעטשעל צום לינת-הצדק. דאָרט זענען איינגעזעטיגען דער פעלטשער לעווין מיט איניגע פערזאָנען און זענען צוגעפאָהרען צו דער וואוינונג פון קראַנקען אויף שפּאַציר-גאס, וואו מ'האָט דעם קראַנקען איבערגעפיהרט צו דער באַהן.

צו דער פערלאָבונג פון אונזער זוהן און ברודער
גדליה מיט פרל׳ רבקה׳לע מעדמאַן
ווינשען מיר מזל-טוב און דער בונד זאָל עוויג
דויערען מיט גליק און צופרידענהייט.
עלטערן: שמואל הירש ווארשאוער
עט פרוי און טאָכטער.

רבקה׳לע מעדמאַן — גדליה ווארשאוער
# פערלאבט

צו דער פערלאָבונג פון אונזער טאָכטער און שוועסטער
רבקה׳לע מעדמאַן מיט ה׳ גדליה ווארשאוער
ווינשען מיר מזל-טוב. גליק און אייביגע
צופרידענהייט.
עלטערן, שוועסטערן און ברודערן.

---

א הערצליכן מזל טוב ווינשן מיר אונזער קוזין
מאיר דוד מעדמאַן מיט זיין פרוי צו דער פערלאָבונג
פון זיין ערשטע און געליבטע טאָכטער
רבקהלע מיט ה׳ גדליה ווארשאויער
זייער וועג זאָל זיין באַצירט מיט בלומען
פאַמיליע מאַגנישעווסקי

צום פערלאָבונג פון
ה׳ גדליה ווארשאויער מיט רבקה׳לע מעדמאַן
ווינשען מיר די עלטערן פיל נחת און דעם
יונגען פאָר׳ל אַ גליקליך צוזאַמענבונד.
פאמיליע זילבערשטיין.

צו דער פערלאָבונג פון אונזער פריינד
גדליה ווארשאווער מיט פרל׳ רבקה׳לע מעדמאַן
ווינשען מיר זיי פיעל גליק.
אז זייער לעבענס-וועג זאָל מיט בלומען בעצירט זיין
איטשע בריקמאַן
וועלוויל גאָלדפארב

---

צו דער פערלאָבונג פון מיין פריינד
גדליה ווארשאוער מיט פרל׳ רבקה מעדמאַן
ווינש איך זיי אַ הארציגען מזל טוב
און אַ גליקליכע צוקונפט
עובדיה בריקמאַן

צו דער פערלאָבונג פון אונזער פריינדינע
רבקה׳לע מעדמאַן מיט ה׳ גדליה ווארשאויער
ווינשען פיעל גליק און א בליהענדע צוקונפט.
וו. פריידענרייך, ס. פאַנעלמאַן
ר. רייך און ל. זאכטשינסקי

צו דער פערלאָבונג פון פרל׳
רבקה מעדמאַן
מיט ה׳ גדליה וואַרשאוער
ווינשען פיעל גליק
ח. ציקערט עט פרוי

---

צו די פערלאָבונג פון פרל׳
רבקה׳לע מעדמאַן מיט ה׳ גדליה ווארשאוער
ווינשען מיר א הערצליכע צוקונפט
און זייער נייער לעבענס וועג זאָל מיט בלומען
בעצירט זיין
יחיאל קוטשער און פרוי.

צו דער פערלאָבונג פון אונזער אינטימסטען חבר
שלמה סטיפניצקי מיט פרל׳ הענדע ווייזמאַן
ווינשען מיר דעם הערצליכסטען „מזל טוב“
און א בליהענדע צוקונפט
י. בארענשטיין
מ. האָניגסבערג
קעלץ

צו די תנאים פון אונזער פריינד
רוזשקי בליכער
און פנחס ראָזענצווייג
ווינשען מיר זיי א גליקליכע צוקונפט
צפרה און יהושיע קאַפלער

---

צו דער פערלאָבונג פון אונזער געערטע מיטארבייטערין
פרל׳ ר. בליכער מיט ה׳ פ. ראזענצווייג
ווינשט א הארציקן מזל טוב.
דאָס פערסאָנאל
פון דער קאַס. האנטוו. באנק
אין ראדאם לובלינער 31.
ראדאָם אין יולי 1927.

# קאמוניקאט פון „לינת הצדק“ אין ראדאָם.

די געזעל. „עזרה“ אינקאסירט אין מיטגליעד׳ס-אָבצאָהל ביי דער ראדאָמער יודישער בעפעלקערונג אויפ׳ן נאָמען „לינת הצדק“ ביי דער דערמאָנטער געזעלשאפט. אויבוואָהל די אויפזיכט׳ס-מאכט האָט מיטגעטיילט די געזעל. „עזרה“, אַז איהר איז נישט ערלויבט צו איינקאַסירען קיין מיטגליעד׳ס-אָבצאָהל אויפ׳ן נאָמען „לינת הצדק“, ווייל זי האט נישט קיין בעשטעטיגטען סטאַטוט אויפ׳ן זעלבען נאָמען און אויך נישט קוקענדיג דערויף וואָס זי האָט גלייכצייטיג געפינען פאַר נויטיג אָבצושטעלען פון 3-טען ה. ח. דאָס ערטיילען מעדיצינישע הילף פאר דער ראדאָמער יודישער בעפעלקערונג. עס איז באמת נישט דערלאָזבאר צו איינקאסירען געלד און קיין שום הילף נישט ערטיילען. מיר בעמערקען, אַז חיבאלד די געזעל. „עזרה“ וועט נישט אָבשטעלען די ווייטערדיגע איינקאסירונג דעם מיטגליעד׳ס-אָבצאָהל אויפ׳ן נאָמען „לינת הצדק“ וועלען מיר נישט זיין פעראַנטוואָרטליך פאר די ווייטערדיגע קאָנסעקווענצען.

דערביי בעטען מיר צובעמערקען ביים אויסקויפען די קוויטלעך פון די מיטגליעדס-אָבצאָהלונגען. צי זיי זענען פערזעהען מיט דעם סטעמפעל פון קאַסירער ה׳ ל. זילבערשטיין, דען קוויטלעך גישט פערזעהן מיט דעם דאָזיגען סטעמפעל זענען נישט פון דער געזעל. „לינת הצדק“;

**אויפרוף!** יודען! פערשרייבט אייך אלס מיטגלידער אין „לינת הצדק“ הן ארעם, הן רייך, געדענקט, אַז די אויפגאַבע פון „לינת הצדק“ איז זעהר א וויכטיגע. שפענדעט אין שפיצט די דאָזיגע וויכטיגע אינסטיטוציע די עקזיסטענץ פון „לינת הצדק“ איז אונבעדינגט נויטיג פאר אונזער שטאָדט.

דער דאָקטאָר ה׳ צוג האָט געשפענדעט פאר׳ן לינת הצדק 15 זל.

מיט אכטונג
## די פערוואלטונג פון „לינת הצדק“
אין ראדאָם רווינסקא 3.

# טעלעגראם!
קירצליך ☛ קירצליך
דאָס בעריהמטע קליין-קונסט-טעאַטער פון ווארשא
# אזאזעל
איז ראדאם
טעאטער „ראזמאיטאשטשי“

**Kino „CORSO“ w Radomiu.**

Dziś i dni następnych!
# CYGANERJA
Wielki dramat w 12 aktach.
W rolach głównych: **Lillian Gish i John Gilbert.**

## Teatr „Rozmaitości“ Teatr

נאר איין אויפטריט! — נאר איין אויפטריט!
זונטאג דעם 17 ליפיעץ 1927 8·30 אָווענד
# Warszawskiej wesołej piątki
אנטייל נעמען די בעסטע ארטיסטישע כחות פון די טעאטערן:
„קווי פראָ קווא“ „בערכקע אָקאַ“ און „ניעטאָפערזש“
**Helena Bekeffi, Zofja Tarbowska, Karol Hanusz, Gustaw Cybulski**
בילעטען ביי ה׳ מיעטשניקאָווסקי לוב. 13 און זונטאג אין קאסע פון טעאטער.

# בעקאנטמאכונג.
איך מאך בעקאַנט דאָס ג. פובליקום דאָס איך האָב געעפענט
**א פראצאָווניאַ**, וואו עס ווערען אויסגעארבייט קליידער.
קינדער קליידלעך און בלוזעס צו מעסיגע און צוגענגליכע פרייזען. די ארבייט ווערט אויסגעפיהרט סאָליד. פינקטליך און לויט דער לעצטער מאָדע
פון דער לאַנג-פראַקטיצירטער שניידערין
## פייגע מילער
(פון צו הייזע המיעל).
לובלינער 31

# קעלצער אבטיילונג.

**אסקאר סערוועטניק.**

## א ביסעל מעהר מיושב'דיגקייט, א ביסעל מעהר אויפמערקזאמקייט!

וואהלען. וואהלען און וואהלען. הימעל און ערד און וואהלען. עס איז איבעראל אויפ'ן גאנצען שטח פון פוילען וואהלען צו די שטאט-ראטען. אומעטום פיבערט דאס לאנד פון וואהלען אין די גאנצע אויפמערקזאמקייט פון דער געזעלשאפטליכער מיינונג איז ניר אנגעווענדעט אויף דעם אויסגאנג פון די יעצטיגע וואהלען צו די שטאט פערוואלטונגען. און נישט אומזיסט איז דאס לאנד ווי אויך די מלוכה-ארגאנען אזוי שטארק פעראינטערעסירט אין דעם ענין, וועלכער שפיגעלט אפ די שטימונג פון דער בעפעלקערונג.

פאר אונז יודען אלס א מיסטענס שטאטישע בעפעלקערונג איז דאס אודאי און אודאי איינע פון די וויכטיגסטע פראגען. עס איז א גרויסער אונטערשיד פון די ערשטע וואהלען מיט 8 יאהר צוריק ביז היינט און צו פיל האבען מיר געלערנט פאר דער צייט פון פוילענס אונאבהענגיגקייט ביז היינט, אז מיר זאלען אזא ערשטקלאסישע פראגע נישט ריכטיג און נישט ערנסט אויפנעמען און בעהאנדלען.

עס וועט נישט איבעריג זיין צו דערמאנען, אז מיר יודען זענען פאר די לעצטע צעהן יאהר פיל רייפער געווארען אין פאליטישען זין און מיר קוקען יעצט שוין מיט גאנץ אנדערע אויגען אויף יעדער מין מלוכה'שע און געזעלשאפטליכע ערשיינונג ווי א מאל.

די יודישע בעפעלקערונג גיט זיך אפ א גענוגענדען דין וחשבון פון די אלע געשעהענישען, וועלכע מיר לעבען איבער און נעמט זיך דערפון אראפ דעם אמת'ן מוסר השכל. מען קען נישט פערגלייכען די סיטואציע יעצט מיט דעם צושטאנד פון יאהר 1919, ווען נור געצעלטע מענשען האבען געוויסט די בעדייטונג פון דער קאמונאלער מאכט און די וויכטיגקייט פון אונזער בעטייליגונג אין איהר פערטרעטערשאפט. צו פיל קאסט עס אונז דאס פערנאכלעסיגונג און קנאפע בעטייליגונג אין די דאמאלסדיגע וואהלען, אז מיר זאלען יעצט נאך אמאל איבערחזרן דעם זעלבען טעות.

מיר דארפען אבער אויך נעמען אין בעטראכט פאלגענדעס. אז אין לאנד איז פארגעקומען א קאלאסאלע פאליטישע ענדערונג. אין לאנד וואקסט א פראגרעסיווע עלעמענט, וועלכע קעמפט סיסטעמאטיש ארויס די איינגעווארצעלטע, קלעריקאלע און פאליטישע אפגעשטאנענע עלעמענטען.

דער אלגעמיינער פרצוף פון דער בעפעלקערונג האט זיך פיל געביטען צום בעסערען און די בעציהונגען צו אונז און צו אונזער פאליטישער ראלע ווערען מעהר פרעציזירט. אבער מיר זעלבסט מוזען אנערקענען, אז צו ענג זענען מיר פערבינדען מיט די ערטער, ווי מיר וואהנען, אז מיר מוזען מיט אונזער צאהל פערנעמען דעם געהעריגען פלאץ אין דער קאמונאלער רעפרעזענטאנץ און מיר קענען זיך נישט בענוגענען מיט א קליינער, נישט א עגטספרעכענדער, צופעליגער פערטרעטערשאפט. א בעסערע און ראציאנאלע שטאדט-ווירטשאפט איז פאר אונז א לעבענס-פראגע, אין אונזערע עקאנאמישע און קולטורעלע פאדערונגען דארפען נישט בלייבען בלויז אויפ'ן פאפיר.

עס איז יעצט נאך נישט די צייט צו אויסרעכענען דעם גאנצען צעטעל אנגעוועהטאגסטע פראגען, וואס מיר שטעלען ארויס צום קומענדיגען קעלצער שטאדט-ראט, אבער דרך אגב געפונען מיר פאר אונזער חוב שוין צו וועקען די אויפמערקזאמקייט פון דער קעלצער יודישע בעפעלקערונג, וועלכע מוז שוין זיך גרייטען צו דער זעהר וויכטיגער פראגע און צו א ליאדע טאג אויפלעזונג פון דעם יעצטיגען שטאדט - ראט זאל אונז נישט טרעפען אונערווארטעט, אין א צושטאנד פון צושפליטערקייט און דעזארגאניזאציע. אונזערע מאסגעבענדע פערזאנען, וועלכע טראגען די פעראנטווארטליכקייט פאר דעם קעלצער יודישען כלל דארפען שטעהן אויף דער וואך און ארויסווייזען מעהר מיושב'דיגקייט און אויפמערקזאמקייט ביים יעצטיגען מאמענט.

■■■■■■

### פערוואונדעט ביי דער ארבייט

די געביידע פון דער קעלצער וואיעוואודזטווא ווערט ווי בעוואוסט רעמאנטירט.

פאריגע וואך זענען צוויי מוירער אראפגעפאלען פון דער רושטאוואניע און זיין שטארק צוקלאפט. די ערשטע הילף האט זיי ערטיילט דער ד"ר אסטראמענצקי.

כאראקטעריסטיש איז דאס, אז ווען מען האט זיך טעלעפאניש געווענדעט נאך הילף צו דער קראנקען-קאסע, האט מען פון דארט געענטפערט דאס די מוירער מוזען זיך בעמיהען אליין אין די קראנקען קאסע מיט זייערע רעגיסטראציע-ביכלעך.

### א שרפה

אין דארף מיניוב א"ז אויסגעבראכען א שרפה פון וועלכער עס זענען פערברענט געווארען 2 געביידעס מיט א סטאדאלע. אין פייער זענען פערברענט געווארען 20 עופות און 2 חזרים.

דער שאדען בעטרעפט 10.000 זל.

### פון מיעכוב

דער רעזולטאט פון די שטאדט ראט-וואהלען אין מיעכוב איז פאלגענדער: קריסטען בעקומען 13 מאנדאטען און די יודען (א בלאק) 10 מאנדאטען.

### די לויה פון ר' בעזשע בלומענפעלד נ"ע.

זונטאג $7^1/_2$ פריה איז אין א פראכטוואגאן אנגעקומען אויף דער קיעלצער סטאציע דער קערפער פון ר' בעזשע בלומענפעלד נ"ע. וואס איז נפטר געווארען אין מאריענבאד.

גלייך האט זיך די ידיעה ווי א בליץ פערשפרייט איבער דעם גאנצער שטאדט און מאסען מענשען האבען אנגעהויבען איילען צו דער לויה.

9 א זייגער האט די לויה געריהרט פון ארט און איז דורך דער סטארנאווסקא גאס געגאנגען אויפ'ן שוהל-הויף וואו עס האט איהם אין ריהרענדע ווערטער מספיד געווען הרב ראפאפארט שליט"א. נאך דעם שטארקען רעגען וואס האט געגאסען פון אנהויב ביז'ן סוף פון דער לויה איז דאך נאכגעגאנגען א גרויסער עולם. פאר'ן הויז, וואו דער נפטר האט געוואוינט האט איהם מספיד געווען דער מורה הוראה הארבערג. אויפ'ן בית - העולם האט איהם מספיד געווען ה' י. מ. רייזמאן.

תנצב"ה

### גאולת - הארץ - קייט

ארגאניזירט דורך דער יודישער פרעסע אונטערן פראטעקטאראט פון דעפוטאט י. גרינבוים.

שמריה דיאמענט ענטפערט ה' מ. זלאטא מיט 3 זל.

שמעון קייזער ענטפ. ה' קיוושענבוים מיט 3 זל.

מאריץ דייטמאן סג. ה' פערלאוו מיט 5 זל און רופט ארויס: איגנאצי עדעלסטיין, הערצקי גרינבלאט, א. וויינשטאט, ברוך שמולעוויטש, יוסף שטייגמאן יוסל קאהן

הלל מארמונד ענטפ. א. ניסענקעדרין מיט 2 ז. און רופט ארויס: קלמן ליכטענשטיין, יצחק ווילנער, אהרן בוים, פרלטעטשא מאשקאוויטש. מאיר בלאנק יצחק זילבערשטיין, חיים הערש גאלדפארב, ב. קאראטאכש. הצלף מאנגעל, חיים זיעראנץ. י. מילער. אברהם עפשטיין (די אלע פון קעלץ) מ. ראסשטיין. יוסף האכמינץ, מ. קליינמאן (פון אפאטאוו).

אליעזר גאלדבערג ענטפ. ה' א. באראנקעוויטש מיט 2 זל. און רופט ארויס: יחזקאל לעמבערג, אשר קאזלאווסקי. (קעלץ). פראניא לעסלער (ראדאם. ליבעלסקא 25) רחל ווארשאווסקא (מיעזשעוו)

משה קופערבערג ענטפ. מ. זלאטא מיט 10 זל. און רופט ארויס: יצחק סקורע (לאדז קאסטאנטינער 42) וואלף כקורא (לאדז קילינסקא 87), משה ווידענהארין (לאדז קילינסקא 87).

אסתר קיינער ענטפ. ה' נאסטראוויכש מיט זל. און רופט ארויס פאלגענדע פרויען: רעגינא לעווי, דיאמענט, ד"ר פעלך, אדעלא יורא. שעוואניא שערמאן. ברכה קליינשטיין, געלטשא ווינריב, חיבלומענפעלד, קאראנגאלד, ה. גוטמאן, רוזא וואליש. מאשקאוויטש, פרידמאן, מ. אלטער. סאלאמעא זאגיינסקא, עווא זאגיינסקא, ווילנער, סימאנאווא. ד"ר פלעשלער, ר. קליינמאן, ח. קייזער. ר. גאטליעב, רארא שמולעוויטש. פערלא טשארנא, פערלא באליצקי, קריניאם, ב. נאווריער, סאלא רייזמאן, ב. ראטענבערג.

### א גזרה אויף די טאבאק-סוחרים

אין דער היגער פינאנץ-קאמער איז דא א פראיעקט. אז אלע געשעפטען פון פאפיראסען זאלען אפען זיין אין שבת. בשעת דעפ. ווישליצקי האט געווילט אין קעלץ, איז די פראגע בעריהרט געווארען, נאר אהן רעזולטאט. די טעג האבען די טאבאק-סוחרים אבגעהאלטען א בעראטונג און בעשלאסען צוזאמענצורופען א קאנפערענץ פון אלע טאבאק-סוחרים אין דער קעלצער וואיעוואדזטווע, אויך צו שיקען א דעלעגאציע, וואס זאל אינטערווענירען אין ווארשא ביים מאנאפאל-דעפארטאמענט, אז די פעראָרדנונג זאל צוריקגעצויגען ווערען.

### די יאהרצייט פון קאזמיר רבי'ן ז"ל

פאריגען פרייטאג איז אויסגעפאלען די יאהרצייט פון קאזמיר רבי'ן ז"ל, וואס ליגט אין קעלץ. צו דער יאהרצייט זענען געקומען הונדערטער חסידים, וואס האבען בעזוכט דעם אוהל.

דער היגער „לינת-הצדק" האט געפועל'ט דאס די חסידים זאלען צוריקפאהרענדיג אהיים בעקומען הנחה-בילעטען. דער לינת-הצדק איז טאקע אפען געווען 2 מעת-לעת, בייטאג און ביינאכט. וואו עס זענען ארויסגעגעבען געווארען בילעטען פאר אלע צוריקקעהרענדע פאר א דריטעל געלד.

### א בריעף אין רעדאקציע.

געערטער הער רעדאקטאר!

דערמיט האב איך דעם כבוד אייך צו בעטען אבצודרוקען אין אייער וו. צייטונג פאלגענדע עטליכע שורות:

דעם 10 ד"ח. האב איך געהאט די מעגליכקייט צו בעזוכען די זומער-קאלאניע פאר קינדער אין ניעוואכלאוו, וועלכע ווערט אויסגעהאלטען פון דער געזעלשאפט „לינת-הצדק" אין קעלץ. דער געזונדהייטס צושטאנד פון די קינדער איז זעהר א גענוגענדער, 5 מאל טעגליך בעקומען זיי גוטע ערנערונג, די דירה פון דער קאלאניע בעשטעהט פון 3 ליכטיגע און ריינע צימערען. די קינדער געניסען פון גימנאסטיק און פערשיעדענע שפיעלען אין וואלד אויף דער פרייער לופט אונטער דער אויפזיכט פון א קוואליפיצירטע אויפזעהערין און קעכין.

דאס הארץ פון יעדען יוד דארף זיך פרייען, זעהענדיג אונזערע קינדער פריילעכע און מונטערע.

אויף דער קאלאניע פון „לינת-הצדק" ווערען אין ערשטען חודש אויפגעהאלטען 18 קינדער פון האנדווערקער און 2 פון קליינהענדלער. צוליב די בעגרעניצטע מיטלען פון דער געזעלשאפט קען נאר גאר א קליינע צאל קינדער פערברענגען די הייסע זומער-טעג אויפן דארף. ביז דעם היינטיגען טאג זענען פעריעסטרירט 108 קינדער, וועלכע בענגען נאך דער פרייער לופט און ערווארטען דעם סוף חודש, ווען א קליינע צאל פון זיי וועט קענען געפונען אנ'ארט אויף דער קאלאניע.

די יודישע געזעלשאפט אין קעלץ אינטערעסירט זיך אינגאנצען נישט, אדער יעדענפאלס זעהר ווייניג מיט דער טעטיגקייט פון אזא נוצליכע אינסטיטוציע. ווי דער „לינת-הצדק" און מיט איהר גלייכגילטיגקייט מאכט זי אוממעגליך דער פערוואלטונג צו פיהרען די ארבייט ווי זי האט זיך פארגענומען.

א גרויס אנערקענונג פערדיענט די פערוואלטונג פון „לינת-הצדק" און הויפטזעכליך איהר פרעזעס דעם ה' ד"ר פעלץ, וועלכער ארבייט מיט דער גאנצער איבערגעגעבענהייט פאר דער געזעלשאפט, פאר די ארימסטע שיכטען פון אונזער שטאדט, וועלכע האבען נישט די מעגליכקייטען צוליב דעם טרויעריגען פינאנסיעלען קריזיס, צו ראטעווען דאס געזונד פון זייערע קינדער און ווענדען זיך נאך הילף צו דער געזעלשאפט.

זאלען מיינע ווערטער געפונען אנ'אבקלאנג ביי דער געזעלשאפט, וועלכע האט שוין אזוי פיעל מאל ארויסגעוויזען איהר פעראינטערעסירונג צו פערשידענע אקציעס. זאל דאס קעלצער יודענטום העלפען מיט טאט און צדקה אזא נוצבארע אינסטיטוציע ווי דער „לינת-הצדק". ס'איז די העכסטע צייט, אז די ארבייט און די לייסטונגען פון ה' ד"ר פעלץ און פון דער פערוואלטונג זאל נישט זיין אזוי אבגעזונדערט. און אז אין די שאפענדע ארבייט זאלען אלע יודישע דאקטוירים אין קעלץ געפונען א ארט.

ס'איז די העכסטע צייט, אז די מחלוקות און מיספערשטענדנישען צווישען אונזערע דאקטוירים זאלען נעמען אנ'ענדע און, אז אלע שעפפערישע כחות אהן אויסנאהם, זאל ווערען פעראייניגט. די איניציאטיוו פון מיין פראפאזיציע צו פערשטענדיגען זיך, זאל געפונען א געהעריגען אבקלאנג אין די מאסגעבענדע ספערען.

גענוג מיט די מחלוקות!

די קינדער פון ארימע יודישע האנדווערקער און רואינירטע סוחרים ערווארטען אייער הילף.

גיט הילף די ארימע קינדער און זעהט, אז די לייסטונגען פון דער געז. „לינת-הצדק" זאלען נישט בלייבען אהן אונטערשטיצונג.

מיט אכטונג

**מ. ראחיצקי**

וויצע-פרעזעס פון יורישען האנדווערקער-פעראיין אין קעלץ.

---

מ. היעקבי.

## א גרוס פון דער ליבער פראווינץ.

**(א שנה'ע מעשה, ווי אזוי א דאקטאר פירט ארום**

**א גאנץ יודיש שטעדטיל פאר דער נאז.)**

מיר אין א מאל שוין אויסגעפאלען צו שרייבען אויף די שפאלטען פון דער צייטונג איבער א דאקטאר (א יוד!) אין שטעדטיל ג. נעבען קעלץ. וואס האט געוואלט דוקא דעם רב'ס בארד, אלס האנאראר פאר העלפען א מקשה לילד.

חאטש דער זעלבער דאקטאר האט א צווייט מאהל אבגעזאגט צו העלפען א אנדערער יולדת, אויב מען וועט נישט ארייננווארפען דאס טויט-געבוירען קינד צום רב... האט מען די זאך נישט גענומען ערנסט און עס האט נור געדינט אלס טעמא פאר א פעליעטאן פונם לעבען אינ'ם קליינעם שטעדטיל...

איך שפעטער, ווען אין דער זאך האט אינטערוויענירט ד"ר פל. פון קעלץ און געוואר'ט מוסר'ן דעם דאקטאר פאר זיינע מעשים און נישט טאקטישען בריף צו דער קה"ה, וואס פאסען ווייט נישט פאר א דאקטאר און אלס ענטפער דערויף האט דער דאקטאר פערלאנגט דער רב זאל שוין ארויסשטעלען אין בודזשעט פון דער קהלה א סובסידיום פאר איהם אין דער גרויס פון 1200 זלאטעס יעהרליך, אז נישט וועט ער נישט „אפזיצען" און ווייזען וואס ער קאן... בתנאי אבער זיינע מיטהעלפער זאלען, חלילה, נישט וויסען דערפון... וואס דער רב האט מיט כעס אבגעווארפען — האט מען נאך דאס אויך נישט גענומען פאר ערנסט..

אז מען האט דעם דאקטאר גערופען צו פריילין ל., וואס ווי דער פעלדשער האט פעסטגעשטעלט, וואקסט ביי איהר אין די אינגעווייידען א „גוו". האט דער דאקטאר, נישט אונטערזוכענדיג איהר געראטען „זי זאל קומען צו איהם א היים וועט ער איהר שוין ארויסהעלפען".. אין עטליכע חדשים שפעטער ווען מ'האט איהם בעוויזען מיט „פאקטישע בעווייזען", אז ער איז אין א טעות האט ער געענטפערט, אז ער קען שוין די „יודישע שפיצלעך"... ווען אבער די יסורים זענען געוואקסען און מען האט זי איבערגעפיהרט אין שפיטאל שוו. לאזאר אין קראקא, וואו בעקאנטע כירורגען האבען זי אפערירט און פעסטגעשטעלט די ערשטע דיאגנאזע פונ'ם פעלדשער. האלט זיך אבער דער דאקטאר נישט אב און איז ווייטער מוציא לעז אויף דעם אונשולדיגען פריילין ל., וועלכע קען צוליב דעם נישט „אבשבועסען זמן חתונה"... האבען מיר געזאגט: אויך מיר א ענין!... ווארום מען האט דאך פארט געהאפט, אז עס וועט א מאהל א סוף נעמען. און ענדליך האט דאך דאס שטעדטיל אויפגעלעבט פון דער בשורה, אז ער פאהרט אב, און מען ווערט פטור פונ'ם דאקטאר ציזאמען מיט זיינע שטענדיגע לעקציעס, וועגען: „דער טשעמנע מאסע"... וואס מען מוז זיי האלטען ווי א הונד אויף דער קייט... נישט לאזען דעם קאפ איפהויבען... ווייזט זיך אבער ארויס, אז דער דאקטאר, וועלכער האט ארויסגערופען א קאלעגע, וועלכער האט געזאלט זיין זיין ממלא מקומו, און אונטערשרייבענדיג א פערפליכטונג צו פערלאזען דאס שטעדטיל אין משך פון 2 וואכען, האט ער באלד בעקומען חרטה, וייל, ווי מען זאגט, זאלען איהם קריסטען האבען געבעטען ער זאל משלח זיין דעם יודישען דאקטאר, כדי זיי זאלען מוכה זיין די שטאדט מיט א אייגענעם.

ס'איז אינטערעסאנט, אז ווען די יודישע איינוואהנער, דערוויסענדיג זיך פון דעם האבען דעלעגירט צו זיין קאלעגע, זייערע פארשטעהער, איהם בעטען ער זאל דאס שטעדטיל נישט פערלאזען, איז דער דאקטאר אומגעריכט ארייגעפאלען אויפ'ן ארט, וואו די דעלעגאטען האבען זיך געטראפען מיט זיין קאלעגע — שרייענדיג ווילד: דער אלטער קיוזער לעבט... איהר מיינע אונטערטעניגע... איך קאן טהון וואס איך וויל... בעפאלען די פארשטעהער מיט די ערגסטע זלזולים און נאך דערצו זיי פארגעווארפען, אז עס קומט דא פאר א געהיימע פערבאטענע פערזאמלונג...

אט וואסערע צרות א יודיש פראווינץ-שטעדטיל שטעהט אויס פון א יודישען דאקטאר.



צוזאַמענגעשטעלטער פון בירגער-קאמיטעט אין ראַדאָם.

# אויפרוף

## אין נאָמען פון אמת און שלום!

## „האמת והשלום אהבו!"

דער לעצטער אורטייל פון העכסטען אדמיניסטראטיווען טריבונאל, אז די אדורכגעפירטע וואהלען אויף א נייעם רב דורך דעם יעצטיגען קהלה-ראַט, זענען סקאסירט געוואָרען, האט ארויסגערופען אין אונזער שטאָדט א גרויס צופרידענהייט.

אין נאָמען פון א גרויסער טייל פון דער יודישער בעפעלקערונג אין ראַדאָם ווענדען מיר זיך צו די ה"ה מיטגלידער פון קהלה-ראַט אין פערזאָנלען מיט דער ביטע צו פערמיידען ווייטערדיגע אמביציעזע מחלוקת און סכסוכים, וואָס דויערען שוין 3 יאָהר, האט פערשלונגען ריזיגע סומען, מען האט געמאכט אונזער קהלה צו שאנד און צו שפאט און פערשוואַכט דעם כבוד פון אונזער לאַנגיעריגען רב הרה"ג ר' יחיאל קעסטענבערג שליט"א.

אונזער הייסער וואונש איז, אז די רבנות-פראגע אין אונזער שטאָדט זאָל ענדליך ערלעדיגט ווערען בדרך הדת והיושר. ווייל מיט מחלוקות און א ברודער-קריג טוט מען נור אונטערגראָבען און פערניכטען אלע יודישע אינטערעסען, בויען און שאפען ווע‌לען מיר נור מיט שלום!

א' בלק ג' תמוז תרפ"ז ראדאם.

| | | |
|---|---|---|
| אדלער מ. | ווינטראב מ. | פלאמענבוים א. |
| אייזען י. | וואלמאן ד. | פערשטענדיג ש. |
| איידעלס ש. י. | הײנטראב מ. י. | פינקעלשטיין ר. |
| אקערמאן י. | ווארשער י. | פאמעראנץ ז. |
| אבראמאוויטש מ. | ווייצמאן ג. | פרידמאן י. |
| בלומאן מ. | ווייסבארד מ. | פינקעלשטיין מ. |
| בראוער ח. | ווערבער מ. | פריעד י. |
| בירענבוים א. | ווייסמאן א. | פינקעלשטיין ח. |
| בארענשטיין יעקב | ווייצמאן ח. | פעלדמאן מ. |
| בירענבוים מ. א. | ווייכמאן ב. | פוקס ש. |
| בעלזבערג ש. | זעלצער מ. | פלדמאן מ. י. |
| בארענשטיין נ. | זילבערבערג י. | פרידמאן ש. |
| בידענבוים ה. | זיידמאן מ. | פליישער ש. |
| בריפטרעגער י. | זיגעלשטיין ז. | פשיטיצקי ש. |
| בארענשטיין י. | זילבערשטיין א. | קירשנבוים ח. א. |
| בירענבוים יוסף | זילבערבערג ש. | קויפמאן ב. |
| גאלדבלום ה. א. | זילבערשטיין ל. מ. | קראנגאלד ש. |
| גאלדבערג ב. | הוואט י. מ. | קימעל מ. |
| גרויספעלד ע. | טענענבוים א. | קרייעווסקי ז. |
| גאלדפארב פ. | טרייסטמאן ש. | קארפענקאפף |
| גארפינקעל ש. א. | טייכמאן נ. | קלינגער י. |
| גרינבלאט א. | טענענבוים א. ש. | קאצענעלענבויגען י. |
| גרין י. י. | טרייסטמאן מ. | קאצמאן ר. |
| גארפינקעל ב. | יודענהערץ א. ה. | קירשנבוים מ. וו. |
| גאלדבערג ה. | לעווינסקי י. | ראקאץ פ. |
| גאלדמאן ל. | ליבערמאן מ. | ראזענפעלד ב. |
| גרין נ. | לעווענטאל א. | ראזנער י. |
| גראטוס ז. | ליבפעלד י. | ראזענבלום א. |
| גרינשפאן מ. | לאזניק י. | ראזענצווייג י. |
| גאלדבערג א. | ליפשיץ א. ד. | רינגערמאכער מ. |
| געלבערג נ. | מרגליות י. | ראזענצווייג ח. |
| גאלדוואסער מ. י. | מאנדעלמאן ג. | רובין י. |
| גליימאן ד. | מאפלאוויץ י. | ראזענבלום א. |
| גאלדמאן י. | מרגליות מ | ראפאפארט מ. |
| גוטמאן ל. | מילנארסקי צ. | רייך ב. |
| דען א. ל. | מאנדעלמאן ר. | ראזענבוים מ. |
| דען מ. | ניימאן ח. ה. | שטערן מ. |
| דאנצינגער י. ה. | נייפעלד מ. | שטיינבערג מ. |
| דאווידזאהן מ. | סאנדעל מ. | שיינפעלד ש. |
| דאלמאן מ. | עהרענבערג י. | שרייבער א. י. |
| הירשזאהן מ. | ערליכמאן י. | שטיינבערג י. |
| הימעלפארב ה. ל. | פרידמאן ל. | שווארצבערג י. |
| האך א. | פירשטענבערג מ. | שטערנליכט נ. |
| ווייצהענדלער י. | פאוולאוויץ א. | שיינבוים צ. |
| ווייספוס א. | פעלדפעבער י. | |

108—5

בברכת מז"ט הנני מברך את
**ישראל ליב מיצנמכר**
לרגלי באו בברית אירוסין את בחירת
לבו **חוה קלוסקה**
תהיה דרכם צלחה ומאשרה.
**מ. ד. פזובסקי.**

א הארציגען מזל-טוב ווינשען מיר
דער פאמיליע **קלוסקא**
צו דער פערלאבונג פון זייער טאָכטער
פרל. **חוה קלוסקא**
מיט ה' י. ל. **מיצענמאכער**
**יוסף קאהן און פאמיליע.**
קיעלץ.




בברכת מזל-טוב הנני מברך את ידידי,
פרנס הקהלה היהודית בקילצי
וגבאי דבית הכנסת בעירנו
מר' **יצחק קירשנבוים** לרגלי אירושי
בנו יחי' תהי' דרכם צלחה!
**אברהם אבלי הכהן ראפופורט**
אבד"ק קעלץ והגליל.

שבת דעם 27—16/VII ½1 נ. מ. קימט פאָר אין זאל „קארסא"
א גרויסע מאסען-פערזאמלונג מיט'ן אנטייל פון דעפוטאט

# יצחק גרינבוים

וועלכער וועט רעפערירען
— א. ד. ט. —

## „די גסיסה פון סיים און די אויפגאבען פון פוילישען יודענטום אין יעצטיגען מאמענט"

נאָכ'ן רעפעראט — דיסקוסיעס.

בילעטען אין פרייז פון 50 גר. ביז 1,50 צו בעקומען: אין געשעפט פון ש. צוקער לובלינער 29; ז. בארקמאן לובלינער 1; ישעי אייגער וואלאווא 5 און אין טאג פון רעפעראט
פון 12 מיטאג ביי דער קאסע פון „קארסא".

הנני מביע רגשי השתתפות צער למותו של האדם הנכבד רום המעלה עסקן צבורי ר' **ישכר דוב בלומענפעלד** ז"ל
שהי' כמה שנים יושב ראש שלכון קהלתנו.
ינחמו' בניו ומשפחתו בתוך שאר אבלי ציו"ר.
**אברהם אבלי הכהן ראפופורט אבד"ק קילץ.**

אונזער טיפסטען מיטגעפיהל דריקען מיר אויס דער פאמיליע **בלומענפעלד**
צוליעב דעם טויט פון זייער געעהרטען פאטער ר' **בעזשע נ"ע**
**י. מ. מאירקעוויטש פאכעל.**

מיר דריקען אונזער טיעפסטען מיטגעפיהל דער פאמיליע **בלומענפעלד**
צוליעב'ן פלוצלינגען טויט פון
זייער פאטער ר' **בעזשע נ"ע**
**אברהם פרידמאן און פאמיליע**
קעלץ







Redaktor i Wydawca CH. M. BERC
Odbito we własnej drukarni Radom Szwarlikowska № 20.